The People's Library

Published by the Group "Knights of Liberty", London.

III—פאָלקס-ביבליאָטהעק—III

דיא

# גאָטטעס-פּעסט

פאָן

JOHANN MOST.

# DIE GOTTESPEST.

פריי איבערזעצט אויס דעם דייטשען פון

J. JAFFA.

—:-0-:—

PRICE 1d.——פרייז 1 פענני

פּאָסטפּריי 1½ פענס.



LONDON.

"Worker's Friend" Printing Office,

40, Berner Street, Commercial Road.

1888.

# סאָציאַליסטישע בראָשורע

## אין אידיש-דייטשער שפּראַכע.

פון וואס איינער לעבט, איבערזעצט אויס פּאָלנישען, פּרייז — 2 און אַ האַלב פּענני; אין אַמעריקאַ 6 סענט.

פּעטער לאַווראָוו אַן דיא אידישע ארבייטער, פּרייז — 1 פּענני.

דער ויכוח (צוויי העפטען), איבערזעצט אויס פֿראַנצייזישען, פּרייז — 2 פּענס.

הגדה של פסח (על פי נוסך חדש), פּרייז — 2 פּענס.

קינות אָדער ארבייטער קלאַגעליעדער, פּרייז — 1 פּענני.

---

אין דרוק איינע העכסט אינטערעסאַנטע און פֿיינע בראָשורע אונטער דעם נאָמען

## דער פּראָצעס פון 21 ניהיליסטען

צוזאַממען מיט דיא ביאָגראַפֿיע פֿון דעם העלדישען ניהיליסט

## הערמאַן אַלעכסאַנדראָוויטש לאָפּאַטין,

געשריעבען פֿון דעם בעריהמטען גרויסען רוססישען פֿילאָזאָף און סאָציאַליסט

## פּעטער לאַווראָוויטש לאַווראָוו.

פֿריי איבערזעצט אויס רוססישען פֿון

J. JAFFA.

---

דיזע אַלע בראָשורען זיינען צו בעקומען אין דיא דרוקעריי פֿון „אַרבייטער פֿריינד" און דיא בראָשורען „דער ויכוח" און „דיא גאָטעס-פּעסט" ביי דעם סעקרעטער פֿון דער גרופּע „ריטטער דער פֿרייהייט" E. Ritterman, 7 Spelman St, Spitalfields, London, E.

אַגענטען בעקומען דעם געוויינליכען ראַבאַט.



# גאטטעס-פעסט.

אונטער אַללע גייסטעס קראַנקהייטען, וועלכע דער מענש שטאָפּט זיך סי-סטעמאַטיש אין קאָפּ, איז דיא גאָטטעספעסט דיא אַללער העסליכסטע.

וויא אַלעס האָט אַ געשיכטע, זאָ איז אייך דיזע פעסט ניט אָהנע היסטאָריע, נאָר שאַדע דאָס ביי דער ענטוויקעלונג פֿון אונזין צום פֿערשטאַנד, וויא עס אין אַלגעמיין אין דער געשיכטע דער פאַלל איז, בלייבט דאָ דער אַלטער אונזין וויא אונפֿערענדערט. דער אַלטער צעאוס (*) און זיין דאָפּפעלגענגער (דוואָיניק) דער יופיטער (**)—דאָס וואַרן נאָך גאַנץ אַנשטענדיגע, טרייע, מיר מעכטען זאָגען גע-וויסער מאַסען אויפֿגיקלערטע קערלען אין פֿערגלייך מיט דעם אינגסטען שטאַל שפּראָססלינג (***) אַם שטאַמבוים דער געטטעריי. ווען מען בעטראַכט זיי מיט אָפּפֿענע אייגען, קען מען זיי פֿערגלייכען אין ברוטאַליטעט און גרויזאַמקייט נור מיט רייסענדע חיות.

מיר וועלען זיך איבערהויפּט ניט פֿיעל בעשעפֿטיגען מיט דיא אַלטע אָפּגי-שטאָרבענע געטער, דען דיזע טיען מעהר קיין שאָדען ניט. אָבער דיא, וועלכע זיינען נאָך בעשעפֿטיגט דיא וואָלקענס צו טרייבען און שאַרפער אונטערצופֿלאַמען דעם גיהנם, וועלין מיר דערפֿאַר אָהנע ערבאַרמען קריטיזירען, בלאַמירען און אויסלאַבען.

דיא כריסטען האָבין אַ דרייפֿאַכען גאָטט; זייערע פֿאָרגייגגער, דיא אידען, האָבין זיך בעגניגט מיט איין איינפֿאַכען. אָבער בײדע זאָרטען זיינען איינע עכט לוסטיגע גיזעלשאַפֿט. דאָס „אַלטע און נייע טעסטאַמענט" שטעללען פֿאָר דיא

---

(*) דיא אַלטע גריכען האָבין אָנגינומען, אַז איבער יעדע זאַך וואָס עקזיסטירט אַרום דיא ערד און אויף דיא ערד גיבט עס אַ גאָטט און דאָס איבער אַלע געטער גיבט עס אַ הויפּט גאָט מיט'ן נאָמען צעאוס.

(**) דיא אַלטע רעמער האָבין אויך אָנגינומען, אַז איבער יעדע זאַך גיבט עס אַ בעזונדער גאָטט און דער הויפּט גאָט האָט ביי זיי גיהייסען יופּיטער.

(***) כריסטוס.

קוועלען פֿון זייער קלוגהייט; דאַהער מוז מען זייערע „הייליגע שריפֿטען" מיט ווילען אָדער ווידער ווילען לעזען, ווען מען וויל זיי דורכקוקען און זיי אויסלאַכען.

נעמען מיר נאָר אַרויס דיא געשיכטע פֿון דיזע גאָטהייט, וועט דאָס שוין אייגענטליך געניגען צו האָבען אַ בעגריף פֿון איהר פֿאָלען ווערטה. אין קורצע בעשרייבונג איז נעמליך דיא זאַכע דיזע:

„אין אָנפֿאַנג האָט גאָט בעשאַפֿען הימעל און ערד", דאָס הייסט, אַז פֿריער האָט ער גילעבט אין אַ גאָרניט, וואו עס האָט וואַהרשיינליך זעהר ניכטער אויסגיזעהן, אום זיך אַלס גאָטט דאַרין צו לאַנגווייליגען. און אינדעם עס איז פֿאַר אַ גאָטט אַ קליינינקייט פֿון אַ גאָרניט וועלטען אויסצוצויבערן, וויא אונגיפֿעהר אַ פֿאָקוסניק שיט אַרויס פֿון אַרבעל הינער-אייער אָדער זילבערנע טאַלערס, זאָ האָט ער „גישאַפֿען הימעל און ערד". שפּעטער האָט ער אויסגיקלאַפּט „זאָננע, ערד און שטערן". געוויסע „אונגלויביגע", וועלכע מען רופֿט אַסטראָנאָמען, האָבען שוין אפילו לאַנג בעוויזען, דאָס דיא ערד איז וועדער אַ מיטעלפונקט דער וועלט, אָדער האָט עס יעמאַלס גיקענט זיין. עס איז איבערהויפּט אַ פֿראַגע, אויב דיא ערד האָט גיקענט עקזיסטירען, איידער דיא זונן, אַרום וועלכע זיא דרייט זיך, איז גיוועזן, צו ריידען פֿון דיא ערד, אין פֿערגלייך צו דיא זונן און דיא שטערן, אַלס אויב זיא וואָלט גיוועזן גאַנץ וואָס ספּעציעלעס און איבערגעוויכטיגעס איז איין אונזין. יעדער שול-יונג ווייס יעצט, דאָס דיא זון איז אַ שטערן, דיא ערד אָבער איז נאָר איהרער אַ דיענער און דיא לבנה איז זאָ צו זאָגען איהרע איין אונטערדיענערין, דאָס דיא ערד, פֿערגליכען מיט דעם וועלטגאַנצען, איז ווייט ענטפֿערנט צו שפּיעלען אַ הויפּטראָלע, אומגיקערהט זיא איז ניט מעהר וויא אַ שטויב פֿון דעם וועלטרוים. אָבער וואָס האָט זיך אַ גאָט צו קימערן וועגין אַסטראָנאָמיע? ער מאַכט וואָס ער וויל און פֿייפֿט זיך אויס אויף וויסענשאַפֿט און לאָגיק. אויס דיזעם גרונד האָט ער אויך נאָך זיין ערדפֿאַבריקאַציאָן צוערסט געמאַכט דאָס ליכט און נאַכהער דיא זונן. זעלבסט איין האָטטענטאָט (1) קען היינט צו טאָג איינזעהן, דאָס אָהנע דיא זונן קען קיין ליכט אויף דער ערד זיין; אָבער גאָט, הום! ער איז דאָך קיין האָטטענטאָט.

אָבער לאָמיר ווייטער הערן! דיא „שעפּפֿונג" וואַר זאָ ווייט געלונגען, אָבער עס וואַר נאָך קיין רעכטעס לעבין אין דער בודע. דער שעפּפֿער האָט זיך אויך גיוואָלט אַמיזירען, דאַהער האָט ער ענדליך גימאַכט מענשין. אָבער מערקווירדיגער ווייזע איז ער דערביי גאַנץ אַראָפּ פֿון זיין ערסטע אָנגיווענדעטע פּראַקטיק. אַנשטאָט דיזע „שעפּפֿונג" צו בעווערקשטעליגען דורך איין איינפֿאַכעס „עס זאָלל ווערן!" האָט ער גימאַכט אונגימיין פֿיעל אומשטענדען ביים „שאַפֿען". ער האָט גינומען אויפ'ן פּראָסטען אופן אַ שטיק ליים אין האַנד און האָט דערפֿון אויסגימאָדעלט נאָך זיין אייגענעם בילד אַ מאַנעספֿיגור און האָט אין איהר אַריינגיבלאָזען אַ נשמה. אינדעם אָבער גאָט איז אַלווייזע, אַלגיטיג, גערעכט, קורץ דיא ליעבענסווירדיגקייט זעלבסט, זאָ איז איהם איינגעפֿאַללען, דאָס דיזער אדם, וויא ער האָט

(1) אַ האַלב ווילדעס פֿאָלק אין אַפֿריקאַ, וועלכער איז בעקאַנט וועגין זיינע דומהייט.

זיין פֿאַבריקאַציאָן אַ נאָמען גיגעבין, וועט זיך בוודיא אַליין אונגימיין לאַנגווייליגען (פֿיעלייכט האָט ער זיך דערביי עראינערט אָן זיין פֿריהעריגען לעבין אין גאָר ניט), און דעסהאַלב האָט ער ערצייגט אַ פֿיינע און רייצענדע חוה. היער האָט איהם אָפֿענבאַר דיא ערפֿאַהרונג גילערנט, דאָס דיא בעאַרבייטונג פֿון ליים-שטיקער איז דאָך פֿאַר אַ גאָט אַ גאָר אונריינכליכעס גישעפֿט, דעסהאַלב האָט ער אַ נייע פֿאַבריקאַציאָנס-מעטאָדע אין אַנווענדונג גיבראַכט. ער האָט אַרויסגעריסען פֿון אדם׳ען אַ ריפּ און האָט דיזעלבע פֿערוואַנדעלט (געשווינדיגקייט איז קיין כישוף אַם אַלערוויינינגסטען פֿיר אַ גאָט) אין אַ היפּשעס פֿרויענצימער. אויב דיא אַרויסגינומענע ריפּ פֿון אדם׳ען איז שפּעטער צוריק אַריינגישטעלט גיוואָרן, אדער אויב אדם איז אַרומגילאָפֿען נאָך דער אָפּעראַציאָן מיט איין זייט, דעריבער רעט מען ניט.

דיא נייצייטיגע נאַטורוויסענשאַפֿט האָט פֿעסטגישטעלט, דאָס טהיערע און פּפֿלאַנצען האָבין זיך ענטוויקעלט אין לויף פֿון מיליאָנען יאָהרען אויס איינפֿאַכע נאַטורגעוויקסע צו זייער יעצטיגען צושטאַנד. זיא האָט אויך פֿעסטגישטעלט, דאָס דער מענש איז ניט מעהר אַלס דאָס פֿאָלקאָמענסטע פּראָדוקט פֿון דיזער ענטוויקעלונג, און דאָס ער האָט ניט נאָר פֿון זאָ און זאָפֿיעל יאָהרטויזענדע גיהאַט אַ זעהר טהירישעס אויסזעהן און האָט ניט גיהאַט קיין שפּראַכע, זאָנדערן אויך דאָס ער — יעדע אַנדערע אַננאַהמע שליסט זיך פֿון זעלבסט אויס — מוז אַרויסקומען פֿון דיא ניעדריגסטע טהיער-זאָרטען.

דיא נאַטורוויסעשנאַפֿט לאָזט אַלזאָ ערשיינען גאָט מיט זיינע מענשענמאַכעריי אַלס איין העכסט נאַרישען מאַכער. אָבער וואָס נוצט עס אַלעם? גאָט לאָזט מיט זיך ניט שפּאַסען. אויב זיינע ערציילונגען קלינגען וויסענשאַפֿטליך, אָדער הערן זיך אָן אַלס נאַרישער קוואַטש—ער בעפֿעהלט, דאָס מען זאָל דאַראַן גלויבען, אין אַנדערן פֿאַלל מאַכט ער, אַז איינעם זאָל כאַפּען דער טייוועל (זיין קאָנקורענט), וואָס עס זאָל זיין זעהר אונאַנגענעהם. אין דער העללע הערשט דאָך ניט נאָר יאָמערן און ציינקלאַפּעריי, זאָנדערן עס ברענט דאָרטין אויך איין עוויגער פֿייער, עס בייסט דאָרטין איין אונערמידליכער וואָרם און עס שטינקט געוואַלטיג מיט פעך און שוועבעל. צו דעם אַלעם זאָל אַ מענש אָהנע לייב אויסגיזעצט ווערן; זיין פֿלייש, וועלכע ער האָט ניט ווערט גיבראָטען; ער קלאַפּט מיט דיא שוין לאַנג אויסגיפֿאַלענע ציין; ער יאַמערט אָהנע האַלז און לונג; זיינע אין שטויב צופֿאַלענע ביינער פֿרעסען דיא ווערם; ער שמעקט אָהן אַ נאָז — און דאָס אַלעם עוויגליך. איינע פֿערטייפֿעלטע געשיכטע!

גאָט איז איבערהויפּט, וויא ער טהיילט אָפֿענהערציג מיט אין זיין זעלבסט פֿערפֿאַסטע ביבעל, אונגימיין קאַפּריזנע, ראַכגיעריג, גערעדעצו אַ מוסטערדעספּאָט.

קוים זיינען אדם און חוה גימאַכט גיוואָרן, זאָ האָט דער הערגאָט נאָך זיין אייגענעם פֿערשטאַנד בעאורטהיילט, אַז דיזע חברה מוז רעגיערט ווערן; דעסהאַלב האָט ער אַרויסגיגעבין אַ שטראָף-גיזעצבוך. דאָס זעלבע האָט גילויטעט: איהר זאָלט ניט עסען פֿון דעם בוים דער ערקענטניס! זייט דעם האָט נאָך אין ערגיץ ניט עקזיסטירט אַ גיקריינטער אָדער אונגיקריינטער טיראַן, וועלכער האָט דיזען בעפֿעהל ניט אָנגיווענדעט געגין דאָס פֿאָלק.

אדם און חוה האָבן ניט רעספּעקטירט דיזעס פֿערבאָט. דערפֿאַר האָט זיי גאָט אויסגעוויזען פֿון גן-עדן, זיי׳און זייערע נאָכקומענשאַפֿט פֿעראורטהיילט צו לעבענסלייענגליכער האַרטער אַרבייט. חוה׳ן זיינען נאָך אויסערדעם דיא בירגערליכע רעכטע אָפּגענומען גיוואָרן, אינדעם זיא איז אַלס אדם׳ס דינסט אַנערקענט גיוואָרן, וועמען זיא האָט גידאַרפֿט געהאָרכען. אונטער געטליכער פּאָליציייליכער אויפֿזיכט זיינען זיי שוין אָהנע דעם גישטאַנען.

גאָט׳ס שטרענגקייט געגען דיא מענשין האָט אינדעסען גאָרניט גענוצט; פֿיעלמעהר דיא מענשין האָבן זיך פֿערמעהרט, דעסטאָ ערגער האָבן זיי איהם גיקריינקט. און וויא ראַש דיזע פֿערמעהרונג איז גיגאַנגען, האָט מען שוין גיקענט זעהן ביי דער געשיכטע פֿון קין און הבל׳ען. ווען לעצטערער איז פֿון זיין ברודער טויט גישלאָגען גיוואָרן, איז קין געגאַנגען „אין אַ פֿרעמדעס לאַנד“ און האָט זיך גענומען אַ ווייב. פֿון וואַנען דאָס „פֿרעמדע לאַנד“ מיט דיא דאָרטין שוין עקזיסטירענדע ווייבער האָט זיך גענומען, האָט דער ליעבער גאָט נאַטירליך ניט נאָטירט, און מען דאַרף זיך דעריבער וועגן זיינע דאַמאַליגע פֿיעלע בעשעפֿטיגונג גאָר ניט וואונדערן.

ענדליך וואַר דיא מאָס פֿאָל. גאָט האָט בעשלאָסען דיא גאַנצע מענשהייט צו פֿערטיליגען אין וואַסער. נאָר מיט אַ פּאָר לייט האָט ער געמאַכט איין אויסנאַהמע, אום זיי נאָך אַ מאָל צו פּראָבירען; אונגליקליכער ווייזע האָט ער זיך, טראָץ זיינער גאַנצער קלוגהייט, שוין ווידער אַמאָל פֿערגריפֿען, דען נח, דער הויפּטמאַכער פֿון דיא גירעטעטע, האָט זיך באַלד גיצייגט אַלס איין גרויסער שכור, מיט וועלכען זיינע זין האָבן גישוועכט צו זאַמען. וואָס פֿאַר אַ גוטס האָט גיקענט אַרויסקומען פֿון אַזאַ פֿערזויפֿענע פֿאַמיליע?

ווידער האָט זיך דיא מענשהייט פֿערברייטעט, ווידער האָט זיך דיזעלבע ענטוויקעלט צו יענע „בייזע זינדער“, פֿון וועלכע דיא „הייליגע“ גיזאַנג ביכער האָבן זאָפֿיעל צו בעריכטען. גאָט האָט גיקענט פּלאַצען פֿון הימלישען צאָרן, זיינען דאָך זיינע גיוויינליכע שטראָפֿען, וויא צום ביישפּיעל, אויסטיליגען גאַנצע שטעט מיט פּעך און שוועבעל, גיוועזן „פֿאַר דיא קאַץ“. זאָ האָט ער זיך בעשלאָסען דאָס גאַנצע געזינדעל מיט האַק און פּאַק אויסצוראָטען, אַלס איין זאָנדערבאַרעס עראייגניס האָט זיין כעס גילאָשען. זאָנסט וואָלט עס גיוועזן אַ סוף מיט דער מענשהייט.

איין טאָג האָט נעמליך ערשיענען אַ געוויסער „הייליגער גייסט“. קיינער האָט ניט גיוואוסט, פֿון וואַנען ער איז גיקומען. דער ביבעל שרייבער (נעמליך גאָט) האָט גאָר גיזאָגט אַז ער זעלבסט איז דער הייליגער גייסט. אַלזאָ האָט מען עס פֿאָרלייפֿיג גיהאַט צו טאָן מיט אַ צוויי-איניגע גאָטהייט. יענעם „הייליגען גייסט“ איז איינגיפֿאַלען, אין דער גישטאַלט פֿון אַ טויב-זכר, מיט אַ געוויסע מאַריע בעקאַנטשאַפֿט צו מאַכען. ער האָט אין אַ זיסע שטונדע „בעשאָטענט“ דיא אויסערוועהלטע פֿון זיין האַרצען, און זיא האָט גיבאָרן אַ אינגעלע, וואָס פֿון דעסטוועגין, וויא גאָט אין דער ביבעל אויסדריקליך זאָגט, האָט גאָרניט אָנגעריהרט איהרע מיידעלשאַפֿט. דער ערסטער גאָט האָט זיך שוין יעצט אַ נאָמען גיגעבין

גאָט-פֿאָטער אין פֿערזיכערט דערביי, דאָס ער איז דערביי ניט נאָר מיט ד
„הייליגען גייסט“ איין פּערזאָן, זאָנדערן דאָס ער איז מיט דעם זון אויך איינס
דאָס זעלבע. בעטראַכט אַלזאָ! דער פֿאָטער וואַר זיין אייגענער זון, דער זון זיין אי
געגנער פֿאָטער און ביידע צוזאַמען זיינען אויסערדעם נאָך דער „הייליגער גייס
זאָ האָט זיך געבילדעט דיא „דריי איינינקייט“.

און יעצט, אָרימער מענשין־געהירן, האַלט שטאַנד, דען וואָס יעצט פֿאָלג
וואָלט קענען אומברייננגען אַ פֿערד! מיר ווייסען דאָס דער אַלטער גאָט האָט בע
שלאָסען דאָס מענשענגישלעכט צו בראָטען. דאָס האָט דעם יונגען גאָט זעהר
לייד גיטאָן. ער (גלייכצייטיג דער אַלטער גאָט) האָט גינומען דיא גאַנצע שול
פֿון דיא מענשין אויף זיך און האָט זיך געלאָזען, אום זיין פֿאָטער (גלייכצייט
דער יונגער גאָט) אין זיין ווילדען צאָרן צו שטילען, פֿאַר דיא זינדיגע מענשין צ
טויט שינדען — נאַטירליך אים דער נאָך פֿרייש און פֿרייליך אין הימעל אַריינצ
פֿאָהרען. דיא אויפֿאָפּפֿערונג פֿון זון (וועלכער איז איינס מיטן פֿאָטער) האָ
גימאַכט דעם פֿאָטער (וועלכער איז איינס מיטן זון) אַזאַ העללען-שפּאַס, דאָס ע
האָט זאָפֿאָרט אַרויסגילאָזען איין אַלגעמיינע אַמניסטיע, וועלכע איז טהיילווייז
היינט אין קראַפֿט.

דאָס איז דער „געשיכטליכע“ טהייל פֿון דיא „הייליגע-שריפֿט“. מען
דאָס דער ווילדער אונזין איז היער זאָ דיק אויפֿגיפּאַקט, דאָס דעריעניגער, וועל
איז דערפֿון שוין גענוג אידיאָטיש געמאַכט, קען שוין גאָר ניט פֿערשטיין אירג
וועלכע אַנדערע זאַכע.

צו דיזער פֿערדומונגס-געשיכטע גיהערט צוערסט דיא לעהרע פֿון בעלוינ
און בעשטראָפֿונג דער מענשין אין דיא גענאַנטע „יענע וועלט“. עס איז ש
לאַנג וויסענשאַפֿטליך בעוויזען גיוואָרן, דאָס עס גיבט קיין זעלען-לעבין, וועלכ
איז אונאַבהיינגיג פֿון קערפּער, און דאָס, וואָס דיא רעליגיאָנס-שווינדלער נע
„זעעלע“, איז ניט מעהר וויא דאָס דענקאָרגאַן (געהירן), וועלכעס עמפּפֿאַנגט ה
דיא זינן-אָרגאַנען איינדריקע און אויף גרונד דערזעלבען זיך בעטהעט
דערמיט אַלזאָ, מוז מיט'ן אָפּשטאַרבען פֿון קערפּער אויך אויפֿהערן דיא רעגונג
דענקאָרגאַן. וואָס קימערן זיך אָבער דיא טויטפֿיינדע פֿון מענשליכען פֿערשטאַ
זוענין דיא בעווייזען פֿון וויסענשאַפֿטליכער נאַכפֿאָרשונג? געראַדע זאָפֿיעל וו
פֿיל עס איז נייטיג ניט צו צולאָזען דיזעלבע איינצודרינגען אין פֿאָלק.

אַזוי פרעדיגען זיי דאָס „עוויגע לעבין“ פֿון דער מענשליכער „זעעלע“. ווע
איז דיא „זעעלען“ אויף „יענער וועלט“, ווען דער קערפּער, אין וועלכין זיי האָב
גישטעקט, האָט ניט פּינקטליך רעספּעקטירט גאָט'ס „שטראָף-גיזעצע“ אויף דיז
וועלט! וויא דיזע לייטע נעמליך אונז פֿערזיכערן, מוז זייער „אַלגיטיגער, אַלגו
רעכטער, אַלבאַרמהערצינער, גענעדיגער א. ז. וו. א. ז. וו. גאָט“ האָבין אַ זעה
קינסטליכע שמעק-נאָז, וואָס בעקימערט זיך וועגין יעדער ברעקיל פֿון יעדין אי
ציגען, און יעדען פֿעהלער, וועלכען אַ מענש מאַכט, טראָגט ער איין אין ז
וועלט-אַקטען-בוך. דאַביי איז ער אַ גאַנץ וואונדערבאַרע היה. וועהרענד ע
זוינשט, אַז אַ אידישער אינגעל ווערט געבאָרען זאָל מען איהם גליך אָפּהאַקען

טיקעל פֿלייש (ברית מלה), זאָל מען אַ כריסטליכען קינד גלייך אָפּגיסען מיט קאַלטע וואַסער (טױפֿע), אונגעאַכטעט דערױף אױב דאָס קינד װערט קראַנק ביין שניידען אָדער בעקומט דעם פֿיבער פֿון דער קאַלטער באָד; װעהרענד ער איז צוּ־פֿריעדען אַז גלױביגע בהמות זאָלין אין שטאַלען (קירכען, שולען) צו איהם בלעקען (דאַוונען, בעטען) אין אַ שפּראַכע, װאָס זיי פֿערשטייען ניט (העברייאיש לאַטיין) און זאָלין איהם פֿאָרזינגען אין אַ קאַצען-מוזיק װעגין מעגליכע און אונמעגליכע זאַכען; װעהרענד ער מישט זיך אין מלחמות אַלס „שלאַכט גאָט" און לאָזט זיך פֿון דיא זיעגער אױסטרובענען און בערייכערן מיט װייראַך, װערט ער װילד װיא אַ טייװעל, װען יעמאַנד צווייפֿעלט אַז ער עקזיסטירט, װען אַ איד פֿרעסט „טרפות", װען אַ קאַטאָליק פֿרעסט אין פֿרייטאָג פֿלייש, װען אַ פּראָטעסטאַנט פֿרעסט ניט דאָס װאָס ער האָט אַ קאַטאָליק פֿערבאָטען און פֿעראַכטעט ניט דעם קאַטאָליקס „גאָטס-מוטערס-לומפּען" (הייליגע פאַהנען), אָדער װען ער גייט איבערהױפּט ניט מיט אַ באָקמעסיג פֿערדרייטע מיענע, מיט פֿערגלאָצטע אױגען, מיט איין אױס־געקרימטען רוקען און פֿערלייגטע הענד.

שטאַרבט אַ מענש אין אַזאַ „פֿערזינדיגטען" צושטאַנד, זאָ װערט איהם פֿון [illegible]עבען גאָט" אַזאַ שטראָף פֿאָרגישריעבען, געגין װעלכע אַלע נײַנשפּיציגע קנוּ־[illegible], אַלע צוכטהױזקװאַלען און פֿערשיקונגסליידען, אַלע עמפּפֿינדונגען פֿון דיא [illegible]אורטהיילטע אױפֿ'ן עשאַפֿאָט, אַלע מאַטערן און פּיין, װעלכע אַ מענשליכער [illegible]יראַן האָט נאָר גיקענט אױסטראַכטען, זיינען נאָר אַנגענעהמע קיצלען. דיזער [illegible]גאָט" איבערטרעפֿט מיט זיינע בעסטיאַלישע גרױזאַמקייט אַלעס װאָס עס קען נאָר [illegible]אױף דער װעלט פּאַסירען טהיערישעס. זיין צוכטהױז הייסט ה ע ל ל ע, (גיהנם) [illegible]יין הענקער איז דער טייפֿעל, זיין שטראָף דױערט עװיג. ער גיט זעלטען פֿאַר [illegible]ליכטע פֿעלע, נאָך לייגערער צייט פֿון פּיניגען, בעגנאַדיגונג; אָבער נור װען דער [illegible]ינדער" איז זיך פֿאַר'ן טױט מתודה. פֿאַר אַזעלכען האָט ער נעמליך אַזאַ מין [illegible]טרייבפֿייער" גימאַכט, װעלכער אונטערשיידעט זיך אונגיפֿעהר פֿון דער „העללע" [illegible]זוי װיא אין פּרייסען דאָס גיפֿענגניס פֿון צוכטהױז; עס איז נאָר פֿאַר פֿערהעלט־[illegible]יסמעסיג קורץ-צייטיגע „אַרעסטאַנטען" גימאַכט און האָט עטװאָס לייכטערע [illegible]יסציפּלינע. אָבער דאָך ברענט עס אױך אין „טרייבפֿייער" גאַנץ „גאָט'ס־[illegible]טראָפֿליך". זאָגענאַנטע „טױטזינדען" װערן אינדעסען ניט מיט טרייבפֿייער בע־[illegible]שטראָפֿט, זאָנדערן שטעטס מיט העללע. דערצו גיהערט צום ביישפּיעל „גאָטעס [illegible]לעסטערונג", װעלכע װערט בעגאַנגען דורך װאָרט, שריפֿטען און גידאַנקען. אין דיזער בעציהונג קען אַלזאָ גאָט ניט ליידען ניט נאָר פּרעסס-און רעדע-פֿרייהייט, [illegible]אָנדערן ער טרעפֿט אױך דיא נאָך ניט אױסגישפּראָכענע גידאַנקען. װען ער איבערטרעפֿט שױן דערמיט אַללע שענדליכקייטען און העסליכקייטען פֿון דיא שופֿ־טיגסטע דעספּאָטען אַלער לענדער און אַלער צייטען, טוט ער עס נאָך װייט מעהר אין בעצוג אױף דיא אַרט-און דיא דױער פֿון זיינע שטראָפֿמיטעל. ד י ז ע ר „ג אָ ט" אַ ל ז אָ א י ז ד י א ד ע נ ק ב אַ ר ע נ ט ז ע צ ל י כ ס ט ע א ו ן ה ע ס־[illegible]י כ ס ט ע װ י ל ד ע ט ה י ע ר.

אום זאָ שענדליכער איז זיינע האַנדלונג, װען ער לאָזט בעהױפּטען, דאָס דיא

גאַנצע וועלט און איבערהויפּט אויך דיא מענשהייט מיט איהר גאַנצען טאָן און טרייבען ווערן רעגיערט דורך זיינע „געטליכע השגחה.“ ער פיינינגט אַלזאָ מענשען פיר האַנדלונגען, וועלכע ער זעלבסט האָט פאָרגעבראַכט ! וויא ליעבענסווירדיג זיינען געגענאיבער דיעזען אונגעהויער דיא טיראַנען דער ערד פון פערגאַנגענער און היינטיגער צייט ! —

גיפעלט עס אָבער גאָט אַ מענשין צו לאָזין לעבין און שטאַרבין נאָך זיינער מיינונג, זאָ טהיילט ער איהם אויס זיין פעקיל צרות ערסט רעכט. דער פערשפּראָכענער גן-עדן איז, ווען מען בעטראַכט איהם גענוי, נאָך אַ פיעל ווערער פלאַץ וויא דער גיהנם. דאָרטען האָט מען דאָך גאָר קיינע בעדירפניסע, זאָנדערן זיי זיינען אימער בעפריעדיגט, אָהנע דאָס עס זאָל זיין אַ פערלאַנגען דיעזע בעדירפניסע צו בעפריעדיגען. אָבער אַזוי וויא אָהנע פערלאַנגען און געלאַנגען איז גאָר קיין גענוס דענקבאַר, זאָ איז דער לעבין אין גן-עדן גאָר אָהנע גענוס. מען איז דאָרטין פערזונקען אין עוויגען אָנקוקען גאָט; עס ווערט אימער אויף דיא זעלבע האַרפע געשפּיעלט דיא זעלבע מוזיק; מען זינגט אימער דאָס „נייע ליעד, דאָס שיינע ליעד“, ווען אויך ניט „פון דעם פערשכור'טען נאַגעלשמיעד“, זיינען דאָך דיעזע ליעדער קנאַפּ וואָס לוסטיג. דאָס איז דיא העכסטע שטראָף פון לאַנגוויילינקייט. דער אויפענטהאַלט אין איין איינצעלנע געפענגנים-קאַמער וואָלט גיווען ענטשיעדען בעסער פּאָרצוציהען.

קיין וואונדער, דאָס דיא יעניגע, וועלכע זיינען גענוג רייך און מעכטיג און געניסען דען גן-עדן אויף דער וועלט, רופען אויס לאַבענדיג:

„מיר לאָזין דיא גן-עדן'לעך
פאַר מלאכים און פייגעלעך“.

און דאָך זיינען עס גערעדע דיא רייכע און מעכטיגע, וועלכע מאַכען פון דיא גאָטעס-דומהייט און רעליגיאָנס-שווינדעל אַזאַ גרויסען געפילדער. דאָס גיהערט ענטשיעדען צו זייער גישעפט.

יאַ, עס איז פאַר דיא הערשענדע און אויסבייטער קלאַססע גאַנץ איינפאַך אַ לעבענספראַגע, אויב דאָס פאָלק זאָל זיין רעליגיעז פערטומעלט אָדער ניט. מיט דער רעליגיעזער פערדומונג שטייט און פאַלט איהרע מאַכט.

יע מעהר דער מענש האַלט פון רעליגיאָן, דעסטאָ מעהר גלויבט ער. יע וויינינגער דער מענש וויים, דעסטאָ דומער איז ער. יע דומער ער איז, דעסטאָ לייכטער קען ער רעגירט ווערן !—

דיזע זאַך וואַר שוין פאַר דיא טיראַנען פון אַלע צייטען און אַלע לענדער גאַנץ גענוג בעוואוסט, דאַהער זיינען זיי אימער געשטאַנען מיט דיא פּפאַפען (גלחים) אין איין בונד. שטרייטיגקייטען צווישען דיזע ביידע זאָרטען מענשענפיינדע זיינען נאָר גיווען זאָ צו זאָגען „היימישע זאַכען“ און הויפּטזעכליך וועגין דיא אָבערגעוואַלט. יעדער פּפאַפע וויים גאַנץ גוט, דאָס זיין ליעד איז באַלד אָפּגיזונגען, זאָ באַלד דיא רעגירענדע חברה וועט איהם ניט אונטערשטיצען. פאַר יעדען רייכען און מעכטיגען איז עס קיין גיהיימנים, אַז דאָס פאָלק קען נאָר זיין דאַן גיקנעכטעט און אויסגיבייטעט, ווען דיא גלחים אָדער רבנים געלינגען איינ-

צופֿלאַנצען אין זיין האַרץ דיא באָבע-מעשה, דאָס דיא ערד איז אַ יאָמערטהאָל, און „גאָט'ס געבאָט": זייט אונטערטהעניג צו דיא רעגירער!" ווען ער וועט דאָס טאָן, וועט ער האָבין דעם ליכטיגען גן-עדן, און ווען ניט—דעם פֿינסטערן גיהנם.

דער גיבראָטענער קאַטהאָליק ווינדהאָרסט (מיטגליעד פֿון דייטשען פּאַרלאַמענט) האָט איינמאָל אין אַ היציגע רעדע גיגעבין דייטליך צו ערקענען, וויא דיא שווינדלער און רייבער איבער דיזען פּונקט דענקען:

„ווען אין פֿאָלק ווערט דער גלויבען צושטערט, האָט ער גיזאָגט, קען ער ניט מעהר פֿערטראָגען דעם גרויסען עלענד אין רעבעלירט!"— דאָס וואַר דייטליך און האָט געדאַרפֿט ברייננען אַלע אַרבייטער צום נאַכדיינקען און וואָלט זיי געדאַרפֿט איבערראַשען, ווען ... יאַ, ווען זיי וואָלטען ניט גיווען אַזוי פֿערשטאָפּט מיט רעליגיאָן און וואָלטען נאָך גיקענט זיין אין שטאַנדע צו הערן מיט אָפֿענע אויערן און וואָלטין גיקענט בעגרייפֿען איינפֿאַכע זאַכען.

אָבער אומזיסט האָבין דיא פּפֿאַפֿען—דאָס הייסט: דיא שוואַרצע שזאַנדאַרן פֿון דעספּאָטיזמוס — זיך שטענדיג גיגעבין אונגיהייערע מיהע דאָס פֿאַלען פֿון דיא רעליגיאָן אָפּצוהאַלטען, אָבוואָהל אונטער זיך פּלאַצען זיי פֿון לאַכען איבער דיא רעליגיעזע משוגעת, וועלכע זיי פּרעדיגען פֿאַר גוטע בעצאָהלונג.

גאַנצע יאָהרטויזענדע האָבין דיזע געהירן-פֿערפֿינסטערער געפֿיהרט אַ שרעקליכע הערשאַפֿט, אָהנע וועלכע וואָלט שוין דיא רעליגיעזע ווילדהייט לייננסט גענומען איין ענדע. גאַלגען און שווערד, קערקער און קייטען, גיפֿט און דאָלך (קינשזאַל), מאָרד און יוסטיץ-מאָרד, דאָס וואַרן זייערע מיטעל צום אויפֿהאַלטען דיזע משיגעת, וועלכע וועט בלייבען איין עייגער שאַנדפֿלעק אין דער געשיכטע דער מענשהייט. הונדערטע טויזענד זיינען „אין גאָטעס נאָמען" לעבעדיגער הייט גיבראָטען גיוואָרן, ווייל זיי האָבין געוואַגט צו פֿיהלען אַז דער ביבלישער מיסט שטינקט. מיליאָנען מענשין וואַרן גיצוואונגען אין לאַנגע מלחמות זיך געגענזייטיג צו צורייסען, גאַנצע לענדער צו פֿערוויסטען, און נאָך דעם מאָרד און בראַנד צו ברייננען דיא פּעסט— אום נאָר דערמיט דיא רעליגיאָן אויפֿציהאַלטען. דיא שרעקליכסטע פּייניגונגען זיינען פֿון דיא פּפֿאַפֿען און זייערע העלפֿערס אויסגיטראַכט גיוואָרן, אום דיא יעניגע, וועלכע האָבין פֿאַר גאָט מעהר קיין מורא ניט גיהאַט, ווידער אין דיא רעליגיאָן אַריינצוטרייבען.

מען האָט גירופֿען א מענשין „פֿערברעכער", וועלכער האָט גישעדיגט אַנאַנדערן אַ האַנד אָדער אַ פֿוס. וויא זאָל מען יענע בעצייכנען, וועלכע ריכטען צו גרונדע דאָס געהירן, און, ווען דאָס געלינגט זיי, פֿערדאַרבען זיי דעם גאַנצען קערפּער דורך דיא שרעקליכסטע גרויזאַמקייט?

עס איז וואָהל וואַהר: דיזע שאַרלאַטאַנעס קענען שוין היינט זייער געטליבעס באַנדיטענגישעפֿט ניט מעהר אין דער אַלטער וויזע בעטרייבען, ווען אייך גאָטעסלעסטערונגס פּראָצעסען און נאָך אזעלכע זאַכען קומען נאָך אימער פֿאָר; דערפֿאַר האָבין זיי זיך דעסטאָ מעהר אַ וואָרף גיטאָן אויף פֿאַמיליען פֿערפֿיהרונג, אויף ווייבער איבעררעידונג, אויף קינדערפֿאַנג און שולען-בעשווינדלען.

„וואו אַ גלח אָדער אַ רב טרעט אַרויס, וואַכסט צעהן יאָהר קיין גראָז ניט

מעהר“, לויטעט איין אַלטעס שפּריכוואָרט. דאָס הייסט מיט אַנדערע ווערטער: אַ מענש, וועלכער איז אריינגעפֿאַלען צו אַ פּפֿאַפֿע אין דיא לאַפּעס, האָט אויפֿגיהערט געדאַנקליך פּרוכטבאַר צו זיין. זיינע געהירן-מאַשינעריי שטאָקט, אַנשטאָט איהר קריכען ביי איהם אַרום אין קאָפּ רעליגיעזע מילבען און געטליכע ווערים. ער איז גלייך צו אַ שאָף, וועלכע האָט דיא דרעה-קראַנקהייט.

דיזע אונגליקליכע זיינען בעשווינדעלט אין זייער איגענעם לעבענסצוועק, און וואָס נאָך שלימער איז, זיי בילדען דיא גרויסע מאַסע פֿון דיא געגנער פֿון וויסענשאַפֿט און אויפֿקלערונג, פֿון רעוואָלוציאָן און פֿרייהייט. וואו עס האַנדעלט זיך אימער נייע קייטען פֿאַר דיא מענשהייט צו שמידען, זיינען זיי בערייט און שטומפּפֿזיניגען אינפֿערשטאַנד דיזע קייטען מיט אַלער קראַפֿט זעלבסט צו שמידען. מען שטעלט זיי אַרויס, ווען עס האַנדעלט זיך צו פֿערהינדערן דיא פֿאָרטשרייטענדע ענטוויקעלונג. דיזע האָטטענטאָטען וואַרפֿען זיך אין נייטיגען פֿאַל פֿאַר זייערע אונטערדריקער אין פֿערבלענדער אין איהר גאַנצער ברייטער מאַססע געגען דעם שטראָם פֿון דיא צייט. ווען מען וויל דאַהער דיזע גייסטעס-קראַנקהייט קורירען, טוט מען דערמיט ניט נאָר אַ גוטעס ווערק פֿאַר דיא ליידענדע, זאָנדערן מען שטייט אויך אין בעגריף אַ ראַק-וואַנדע אויס צו ברענגען, אַן וועלכער דאָס גאַנצע פֿאָלק ליידעט און וועלכע מוז שליסליך פֿאָלשטענדיג פֿערטיליגט ווערן, ווען דיא וועלט זאָל ענדליך ווערן פֿאַר דיא מענשען אַ רוהע פּלאַץ, אַנשטאָט וויא זיא איז עס ביז יעצט אַ שפּיעל פּלאַץ פֿאַר געטער און טייוולען, וועלכע שינדען אונז דאָס לעדער.

אַרויס, אַלזאָ, מיט דיא רעליגיאָנען פֿון דיא קעפּ און ניעדער מיט דיא פּפֿאַפֿען! דיא לעצטערע פֿלעגין זאָגן: דער צוועק היילגט דעם מיטעל. גוט דען! לאָמיר ענדליך אָנווענדין דיעזען גרונדזאַץ געגען זיי! אונזער צוועק איז דיא בעפֿרייאונג דער מענשהייט פֿון יעדע שקלאַווערייַ, פֿון דעם יאָך דער סאָציאַלען קנעכטשאַפֿט, וויא אויך פֿון דיא קייטען דער פּאָליטישען טיראַניי, און ניט וויניגער, יאַ, פֿאָר אַלעם, פֿון דעם וועג דער רעליגיעזען פֿינסטערניס. יעדע מיטעל צו דיא עררייכונג פֿון דיעזען היכען ציעל מוז פֿון אַלע וואַהרע מענשען פֿאַר רעכט ערקענט ווערן; און יעדע געלעגענהייט, וועלכע ביטעט זיך דיעזען ציעל צו ערדרייכען, מוז בענוצט ווערן.

יעדער רעליגיאָנספֿרייער מענש בעגייט איינע פּפֿליכט-פֿערנאַכלעסיגונג, ווען ער ווענדעט ניט אָן אַלע טאָג זיינע קרעפֿטין, אום דיא רעליגיאָן צו אונטערגראָבען. יעדער פֿון גאָטס-גלויבען בעפֿרייטער מענש, וועלכער בעקימערט זיך ניט דאָס פּפֿאַפֿענטהום צו בעקעמפּפֿין, וואו און וויא ער האָט נאָר דיא גילעגענהייט דערצו, איז אַ פֿעררעטהער פֿון זיינער זאַך. אַלזאָ, קריעג דעם שוואַרצען געזינדעל (גלחים און רבנים), — אונפֿערצייהליכען קריעג ביז'ן מעסער! אויפֿרייצונג געגין דיא פֿערפֿיהרער, אויפֿקלערונג פֿיר דיא פֿערפֿיהרטע! לאָמיר נעהמען יעדען קאַמפּפֿמיטעל אין אונזער דיענסט: דיא ביימש פֿון שפּאָט וויא אויך דעם פֿלאַקער פֿון וויסענשאַפֿט, און וואו דיעזע מיטעל ווירקען ניט, — ענערגישע האַנדלונג!

פֿאָר אַלעם זאָל מען זיך היטען אין דער אַרבייטער בעוועגונג גאָטעס-פֿראַזע

און רעליגיאָנס-קוואַטשעריי שווייגענד ניט דורכצולאָזין. און דאָס מוז מען זיך גוט מערקען: וואָס „אַנשטענדיגער“ דיא יעניגע ערשיינען, וועלכע ווילען פֿערמי־שען דעם פֿערפֿלוכטען רעליגיאָנס-קוואַטש מיט אַרבייטער בעשטרעבונגען, וואָס „גרעסער“ זייער נאָמען איז, דעסטאָ גיפֿעהרליכער זיינען זיי. ווער עס פרעדיגט דעם גאָטסשווינדעל אין אירגענד וועלכע פֿאָרמע, קען נור זיין אַ דומקאָפּ אָדער אַ שופֿט. ביידע זאָרטען — אַרבייטער בעשטרעבונג און גאָטהייט — טויגען ניט אום אויסצופֿיהרען אַ זאַך, וועלכע קען נאָר דאַן איהר ציעל עררייכען, ווען זיא שטייט פֿאָל און גאַנץ אַן דער שפּיצע פֿון וויסענשאַפֿט.

אָפּאָרטוניטעטס (אַהין און אַהער) פּאָליטיק איז דאָ ניט נור אַ שאָדען — זיא איז אַ פֿערברעכען! לאָזין דיא אַרבייטער אירגענד וועלכען פּפֿאַפֿען זיך אַריינ-מישען אין זייערע אַנגעלעגענהייטען, זאָ זיינען זיי ניט נאָר גענאַרט און בעשווינדעלט, זאָנדערן אויך באַלד פֿערראַטהען און פֿערקויפֿט.

וויא אויך זעלבסטפֿערשטענדליך עס איז, דאָס דער הויפּטקאַמפּף פֿון פּראָ־לעטאַריאַט האָט זיך צו ריכטען געגען דעם קאַפּיטאַליזמוס און מוז אויך דעסהאַלב ציעלען דעם געוואַלט-מעכאַניזמוס דערפֿון, דעם שטאַאַט, צו צערשטערן, זאָ דאַרף אין דיעזען קאַמפּף דיא קירכע ניט ווייניגער אויסער אַכט גילאָזין ווערן. דיא רעליגיאָן מוז סיסטעמאַטיש אונטערגראָבען ווערן, אום דאָס פֿאָלק זאָל צום פֿערשטאַנד קומען; אָהנע דעם קען ער דיא פֿרייהייט ניט עררייכען.

פֿאַר דיא דומע אָדער פֿערדומטע, זאָ ווייט זיי ערשיינען נאָך פֿעהיג אויסגי־בעסערט צו ווערן, זאָל מען פֿאָלגענדע פֿראַגען אויפֿשטעלין:

ווען גאָט וויל אַז מען זאָל איהם קענען, ליעבען און פֿאַר איהם פֿירכטען, וואָרום בעווייזט ער זיך ניט? ווען ער איז אַזאַ „אל רחום וחנון“, וויא דיא רבנים און גלחים זאָגין, טו וועלכען גרונד האָט מען פֿאַר איהם מורא צו האָבין? איז ער אַלוויסענד (יודע הכל), וועסהאַלב בעלעסטיגט מען איהם מיט פּריוואַטאַנגילעגענ-הייטען און געבעטין? איז ער דאָ איבעראַל (מלא כל הארץ), וואָצו בויט מען פֿאַר איהם קירכען מיט שולען? איז ער גירעכט (שופט צדק), וועסהאַלב דיינקט מען דען אַז ער וועט בעשטראָפֿען דיא מענשין, וועלכע ער האָט זעלבסט בעשאַ-פֿען מיט פֿאָלע פֿעהלערן? טוען דיא מענשין גוטעס נאָר אום גאָטעס גנאַדע, וועלכען גרונד האָט ער דען זיי דאַפֿיר צו בעלוינען? איז ער אַלמעכטיג, וויא קען ער עס צולאָזין, דאָס מיר זאָלין איהם בעליידיגען? איז ער אָבער אונבע-גרייפֿליך, וואָרום בעשעפֿטיגען מיר זיך מיט איהם? איז נייטיג אַז מען זאָל גאָט קענען, וואָרום בעהאַלט ער זיך? א. ז. וו. פֿאַר אַזעלכע פֿראַגען שטייט דער גלויביגער וויא איין אָקס פֿאַר אַ באַרג.

יעדער נאָכדענקענדער מענש מוז אָבער צוגעבען, דאָס קיין איינציגער בעווייז איבער אַ גאָטס-עקזיסטענץ איז נאָך נימאַלס אויפֿגיצייגט געוואָרן. אויסער דעם גיבט עס גאָר קיינע נויטווענדיגקייט אַז אַ גאָט זאָל עקזיסטירען. זאָ וויא מיר קענען שוין דיא רעגעלן און דיא אייגענשאַפֿטען פֿון דער נאַטור, איז אַ גאָט אין דער נאַטור אָדער אויסער דער נאַטור גאַנץ איבערפֿליסיג. זיין „מאָראַ-לישער“ צוועק איז געווים איבערפֿליסיג.

עס גיבט אַ גרויסע מלוכה, אין וועלכע איין הערשער רעגיערט, וועמ האַנדלונגען בריינגען דעם גייסט פֿון זיינע אונטערטהענער אין פֿערמישונג א אונאָרדנוג. ער וויל זיין גיקענט, געליעבט און געהערט, און אַלע בעמיהען זיך צ צוטומלען דיא בעגריפֿע, וועלכע מען קען זיך פֿון איהם מאַכען. דיא פֿעלקער, וועלכע זיינען אונטערוואָרפֿען אין זיינער געוואַלט, בעזיצען איבער דען כאַראַק-טער און דיא גיזעצע פון זייער אונזיכטבאַרען הערשער בלויז זאָלכע אידעען, וויא זיינע מיניסטערס טהיילען זיי מיט; דיזע, דאַגעגין, געבין עס צו, דאָס זיי זעלבסט קענען זיך קיינע פֿאָרשטעלונג איבער זייער מייסטער מאַכען, דאָס זיין ווילען איז אונערפֿאָרשליך, זיינע אַנזיכטען און אייגענשאַפֿטען זיינען אונערגרינדליך. זאָ זיינען זיינע דינער זעלבסט אונטער זיך ניט איינוג איבער דיא געבאָטע, וועלכע זי געבין אָן אַלס בעשטימטע פֿון זייער הערען. אין יעדער פראָווינץ ערקלערט ער זיינע געבאָטע אַנדערס. זיינע דיענער רייסען זיך אונטער זיך און איינער בע-שולדיגט דעם אַנדערן אַלס בעטריגער און פֿערפֿעלשער פֿון דיא געבאָטע. דיא געבאָטע, וועלכע זיי פֿערברייטען, זיינען דונקעל; זיי זיינען רעטעניסען, וועלכע קענען ניט פֿערשטאַנען און ניט ערראַטהען ווערן פֿון דיא אונטערטהענער, צו וועלכע זיי זיינען גיגעבין גיוואָרן פֿיר זייער בעלעהרונג. דיא גיזעצע פֿון דעם פֿער-באָרגענעם מאָנאַרך בעראַרפֿען האָבין איינע ערקלערונג; דאָך יענע, וועלכע י קלערן זיי, זיינען נימאַלס איינוג צווישען זיך זעלבסט. אַלעס וואָס זיי ערציי פֿון זייער פֿערבאָרגענעם פֿירסטען איז אַ געמיש פֿון ווידערשפרעכונגען; זיי זאָ אויך ניט איין וואָרט, וואָס זאָל זיך ניט אויפֿ'ן אָרט אויסצייגען אלס אַ ליגען. מען רופֿט איהם אויסעראָרדענטליך גוט, דעננאָך גיבט עס ניט קיין מענש, וועלכער זאָל זיך ניט בעקלאָגען איבער זיינע בעשליסע. מען רופֿט איהם אונענדליך קלוג און אין זיינער פֿערוואַלטונג שיינט אַלעס צו גיין געגין דער פֿערנונפֿט און געגין דעם געזונדען פֿערשטאַנד. מען ריהמט איהם פֿאַר אַ גערעכטיגין, און זיינע בעסטע אונטערטהענער ווערן אַם וויניגסטען גערעכטמעסיג בעהאַנדעלט. מען פֿער-זיכערט דאס ער זעהט אַלעס, און זיינע געגענוואַרט העלפֿט אָבער גאָר ניט. ער איז, זאָגט מען, אַ פֿריינד פֿון אָרדנונג, און אין זיין שטאַאַט איז אַלעס צומישט און אין אונאָרדנונג. אַלעס גייט נאָך זיין ווילען, און דיא עראייגניסע זיינען אימער געגין זיינע פלאַנען. ער זעהט אַלעס פֿאָראויס, און ווייס ניט וואָס עס וועט קומען. ער לאָזט זיך ניט בעליידיגען אָהנע בעשטראַפֿונג, און דאָך בעליידיגט איהם יעדער אויף שריט און טריט. מען בעוואונדערט זיין וויסען און דיא פֿאָלקאָמענהייט פֿון זיינע ווערקע, דעננאָך זיינען זיינע ווערקע אונפֿאָלקאָמען און ניט פֿון לאַנגער דויער. ער שאַפֿט, צערשטערט, פֿערבעסערט דאָס וואָס ער האָט גימאַכט, אָהנע אַ מאָל מיט זיין ווערק צופֿריערען צו זיין. ביי אַלע זיינע אונטערנעהמונגען זעהט ער נאָר צו זיין גערוהמט, דעננאָך עררייכט ער דען צוועק אַלגעמיין ניט געריהמט צו זיין. ער אר־ייט נאָר פֿאַר דאָס וואָהל פֿון זיינע אונטערטהענער, אָבער פֿאַר דיזע פֿעהלט גרעסטענטהיילס דאָס נאָטהווענדיגסטע. יענע, וועלכע ער שיינט אַם מייסטען צו בעגינסטיגען, זיינען געוויינליך אַם וויניגסטען מיט זייער שיקזאַל צ פֿריעדען; מען זעהט זיי פֿאַסט אַלע זיך אָנשפאַרענדיג אָן אַ הערען ווענער ־־

קייט זיי געוואונדערן, וועמעס קלוגהייט זיי ריהמען, וועמעס גערעכטיגקייט זיי פירכטען און וועמעס געבאָטע זיי הייליגען, וועלכע אָבער זיי בעפאָלגען נימאַלס.—

דיזער שטאַאט איז דיא וועלט, דיזער הערשער איז גאָט; זיינע דיענער זיינען דיא פּפאַפען, דיא אונטערטהעגער זיינען דיא מענשין, איינע שיינע גיזעלשאַפט!

דער גאָט פון דיא כריסטען איז ספּעציעל, וויא מיר האָבין גיזעהן, א גאָט וועלכער מאַכט געבאָטע, אום זיי צו ברעכען; וועלכער לאָזט קומען איבער דיא מענשין פעסט און קראַנקהייטען, אום זיי צו היילען. א גאָט וועלכער לאָזט דיא מענשין פערדאָרבען ווערן אום זיי צו בעסערן. איין גאָט וועלכער האָט בעשאַפען דיא מענשין נאָך זיין בילד און זאָל דאָך ניט זיין דער פעראורזאַבער פון אַלעס בייזעס; וועלכער האָט גיזעהן דאָס אלע זיינע ווערקע וואַרן זעהר גוט און האָט דאָך באַלד איינגיזעהן אַז זיי זיינען שלעכט; וועלכער האָט גיוואוסט אַז דיא מענ-שין וועלין עסין פון עץ-הדעת, און דעננאָך האָט ער דיא גאַנצע מענשהייט דערפאַר פערדאַמט.

אַ גאָט, וועלכער איז זאָ שוואַך, אום זיך פון דעם טייוועל צו לאָזין איבער-ריידען; וועלכער איז זאָ גרויזאַם, דאָס קיין טיראַן דער ערדע קען מיט איהם ניט פערגליבען ווערן. דאָס איז דער גאָט פון דיא אידיש-כריסטליכע געטערלעהרע.

דערזעלבער איז איין אַלערקליגסטער פּאַטשקון, וועלכער האָט בעשאַפען מענשין פאָלקאָמען און האָט זיי דאָך ניט גיקענט פאָלקאָמען ערהאַלטען, וועלכער האָט בעשאַפען דעם טייוועל און קען איהם דאָך ניט בעהערשען! איין אַלמעכ-טיגער, וועלכער האָט מיליאָנען אונשולדיגע מענשין פערדאַמט וועגין דעם פעה-לער פון איינינע, וועלכער האָט דורך דעם מבול פערטיליגט אַלע מענשין ביז אויף איינינע, און האָט אַ נייעס גישלעכט בעשאַפען, וועלכעס וואַר ניט בעסער אַלס דאָס פריהערע; וועלכער האָט גימאַכט אַ גן-עדן פאַר דיא דומע, וואָס גלויבען אין דיא תורה, און אַ גיהנם פאַר קלוגע, וואָס גלויבען ניט אין איהר. ער איז אַ געמט-ליכער קוואַקזאַלבער (שאַרלאַטאַן, שווינדלער), וועלכער האָט זיך זעלבסט בע-שאַפען דורך דעם „הייליגען גייסט"; וועלכער האָט זיך זעלבסט געשיקט אַלס פערמיטלער צווישען זיך און אַנדערע, וועלכער, פעראַכטעט און אויסגילאַכט פון זיינע פיינדע, איז צוגינאָגעלט גיוואָרין צו אַ צלם, אַזוי וויא אַ פלעדערמויז צו אַהיל-צערנע וואַנד, וועלכער האָט זיך גילאָזין בעגראָבען, איז אויפגישטאַנען פון טויט האָט בעזוכט דעם גיהנם, איז אַריינגיפאָהרען אין הימעל און זיצט שוין יעצט זייט אַכצעהן הונדערט יאָהר לעבין זיין רעכטע האַנד, אום צו משפט'ען דיא „לעבענ-דיגע" און דיא טויטע דאַן, ווען עס וועט שוין קיינע לעבענדיגע מעהר געבין. ער איז איין שרעקליכער טיראַן, וועמעס געשיכטע האָט גיזאָלט מיט בלוט גע-שריעבען ווערן, ווייל זיא איז איינע רעליגיאָן פון שרעקען.

אַוועק אַלזאָ מיט אַלע געטטערלעהרען! אַוועק מיט אַ גאָטט, וועלכער איז ערפונדען דורך דיא פריסטער פון דעם בלוטיגען גלויבען, וועלכע קענען ניט לעבין אין רייכטהום און איבערפלוס, ווען זיי פערדומען ניט דאָס פאָלק דורך שענ-דליכע ליגען; דיזע שווינדלער מיט זייער גאָט צוזאַמען מוזין דורך וואַהרע אויפ-קלערונגען אין אָבגרונד גישליידערט ווערן. אַוועק אַלזאָ מיט דער גרויזאַמ-

דרייאייניגקייט — מיט דעם מערדערישען פאטער, מיט דעם אוננאטירליכען זון און מיט דעם הולטייסקען הייליגען גייסט! אוועק מיט דיא אלע שענדליכע פערהימונגען, אין וועמעס נאמען דיא מענשען ווערן ערניעדערט צו עלענדע שקלאווערייי און וועלכע ווערן דורך דיא אלמאכט פון שקר פון אלע קוואלען דער ערד אויף דיא פרייהעען פון גן-עדן צוגיוויזען! אוועק מיט זיי, וועלכע זיינען מיט זייער גיהייליגטע משוגעת דער פלוך פון פרייהייט און פון גליק!

גאט איז פון שענדליכע שווינדלער איין אויסגיטראכטער שטן, צוליעב וועמען דיא מענשען האבין ביז יעצט גילעבט אין אנגסט און וואָרן טיראניזירט. אבער דאס אויסגידאכטע בילד פערשווינט זאפארט, ווען מען בעטראכט איהם מיט ניכטערע אייגען; און דיא בעטראגענע מאססען ווערן שוין אונוויליג אויף אזעלכע שווינדעל נאך לייגנער צו אכטען; זיי זאגין שוין פאלגענדע ווערטער פון א דיכטער צו דיא פפאפען:

„א פלוך דיא געצין, וועלכע מיר האבין גיבעטין
אין ווינטער-קעלטען און אין הונגער-נויטען.
מיר האבין פערגעבענס גיהאפט און געהארט;
ער האט אונז בעשווינדעלט, פערדרייט און גינארט."

האפענטליך וועלין זיי זיך ניט מעהר לאנג לאזין בעשווינדלען, פערדרייען און נארען, זאנדערן זיי וועלין אין א שיינעס טאג ארייננווארפין אין אויווען דיא הייליגע מיט זייערע שריפטען; זייוועלין אומוואנדלען דיא „הייליגע" כלים אין ניצליכע געשיר, דיא קירכען אין שולען און קאנצערט, טהעאטער אדער פערזאמלונגס-לאקאלען, אדער, ווען זיי וועלין דערצו ניט נוצען, דאן אלס קארן-שפייכלערס אדער שטאללען פאר בהמות; זיי וועלין היינגען דיא פפאפען און דיא נאנען (מאנאשקעס) אין דיא גלאק-טורעמס, און דאן וועלין זיי עס ניט קענען בעגרייפען, וואָרום זיי האבין עס שוין לאנג ניט געטאן.

דיזער קורצער און איינציג פראקטישער פראצעס וועט נאטירליך אויסגעפירט ווערן אין דיא קומענדיגע סאציאלע רעוואלוציאן, דאס הייסט אין דעם אויגענבליק ווען מען וועט מאכען דאס זעלבע מיט דיא גוטע ברידער פון פפאפען: דיא פירסטען, יונקערס, ביראקראטען און קאפיטאליסטען. דעם שטאאט און דיא גיזעלשאפט וועט מען גלייך מיט דיא קירכען אויסראמען מיט אייזערנע בעזימס.

**ענדע.**

# דיא רעליגיעזע מגפה.

## נאַך Anti-Syllabus פֿאָן

## רבקה גליקליך.

דאָס איז בעוויזען, פֿעסט גישטעלט:—
איידער דער גן-עדן איז גיוואָרן,
האָבין שוין מענשין אין דער וועלט
גילעבט זייט פֿיעל מיליאָנען יאָהרן,
נאָך איידער גאָט פֿון וויסטער-נאַכט
אַ ליכטיגע וועלט האָט גימאַכט...

איז דיא אָפֿענבאַרונג (*) ריכטיג —
זאָ ליגט דאָס אויף דער האַנד גאַנץ גלאַט, —
דאָס דער מענש שוין לעבטע טיכטיג,
איידער מען איהם בעשאַפֿען האַט,
דאָס הימעל און ערד זיינען פֿריהער געשטאַנען,
איידער אַ גאָט האָט זיי צו מאַכען פֿערשטאַנען.

איידער אדם פֿון עץ-הדעת
האָט גיגעסין מיט גרויסער לוסט,
האָט מען פֿון געטליכע חלאת
זיכערליך קיין וואָרט גיוואוסט,
און זיינען דאַמאַלס גיוועןפריסטער וויא יעצט,
זאָ האָט זיי גאָט געווים ניט אין פלאַץ גיזעצט,

און האָט מען זיי דען גאָר גידאַרפֿט—
זעהט אייך נאָר אָן דאָס מילב גישלעכט,
וויא אַלעס אַרבייטעט און שאַפֿט
און האָט ניט קיין הערר, קיין קנעכט,
אָבער דיא מענשין, טויזענדע אין שפאַן,
שלעפין דיא סאָכע פֿאַר אַ פֿוילען טיראַן.

זיי זייען, זיי קאָסען, זיי שניידען,
בויען פאַלאַצען פֿאָל לוקסוס און פראַכט,
זאַמלען רייכטהום, בערג מיט געטריידען,
און אונטערהאַלטען אַ שרעקליכע מאַכט:—
אַ מלך, סאָלדאַטען, פֿיעל פאָליציי,
אַ רב, אַ גלך, איין אַרכיעריי.

---

(*) דיא קריסטליכע לעהרע פֿערשטייט אונטער אָפֿענבאַרונג: „יהי אור"! און בעהויפטעט אַז גאָט האָט דערמיט גימיינט כריסטוס.

זיי האָד'ווען, האַלען דעם שענדליכען דור
אין נאָמען פֿון גאָט און זיינע משפחה,—
מען זאָגט דאַפֿיר צו אַ שור הבור,
אַ יענע וועלט פֿון לויטער הצלחה,
זאָ יאָגט מען אייך מיט נאַרישקייט הערום,
און איהר מוזט דערביי זיין וויא אַ פֿישעל שטום.

זאָגט, איז עס דען אין מענשין נאַטור,
אַז איינער אַרבייט מיט שווייס און נויט,
דיינקט דער אַנדערער שטענדיג נור
פֿון איהם צו רויבען זיין שטיקעל ברויט?
דעם שטאַרקען איז דאָס שווערד זיין רעכט,
און דער פֿלייסיגער איז יעצט זיין קנעכט.

דער צבוע'יאַק טוט מיט פֿרעכער שטירן
דעם פּראָלעטאַריער גענאַרען,
מיט גאָט פֿערדרייט ער זיין געהירן,
מיט פּילפּולים, קאָמענטאַרען,
און ער רויבט יתומים און אלמנות
אויף חשבון פֿון זינדיגע נשמות.

אַזוי ווערט דאָס פֿאָלק געדריקט
איינערזייטס דורך ביקס און שווערד,
אַנדערזייטס געשונדען און געפּליקט
דורך גאָטס פֿערטרעטער אויף ד'ערד,
דיא וועלט איז שלעכטער ניט גיווען
בעפֿאָר דער מבול איז גישעהן.

ווען גאָטס פֿערטרעטער זינד געוואָרן
זאָלכע זינדיגע האַלונקען,
דאָס ער זיי אין גירעכטען צאָרן
מיט דעם ערב רב האָט ערטרונקען.
דאָך גייען יאָהרטויזענדע אין פֿלוג,
און נאָך זיפֿצט דער בויער הינטער זיינען פלוג (אַקער).

און דער פּראָלעטאַר פֿון שטאָט
הונגערט נאָך ביי אַלעם פלייס,
ווייב און קינד זינד אויך ניט זאַט,
און ער זיך ניט צו העלפֿין ווייס,
בערויבט פֿון דעם אַריסטאָקראַט,
געיאָגט, געשלאָגען פֿון מאַגנאַט.

גייט דער אָרימער פֿערביסען
דורך דיא שיינע, רייכע וועלט,
שיך און קלייד גאָר צוריסען,—
אַ קרבן פֿון היץ און קעלט.
יעדען לייבט דאָס לעבען, און עס ווינקט דאָס גליק,—
איהם איז אַלעס פֿינסטער, זוייער זיין געשיק.

וואָס האָט ער דען פערזינדיגט,
דאָס איהר איהם וויא אַ שאָף
האָט פריהער אָפּגעשינדעט,
נאָכדעם געמאַכט צום שקלאַף;
קלעפּט דען ניט אויף אייער גוט
וויא אַ מכה זיין שווייס און בלוט?

זייט איהר בעסער דען וויא ער,
ווייל דער פּעטער זיצט אין סענאַט,
ווייל נאַטשאַלניק איז דער שווער
אין דיזען וויבערישען שטאַאַט,
ווייל איהר זייט נגידים, פּרעדיגער, רבנים
און טראָגט אַ שיינע מאַסקע אויף דעם פּנים?

זאָגט, איהר גרויסע לייט,
איז דער אַרבייטער ניט פיין,
זיין ווייב ניט „אָלל רייט“
אַ פלייש ביי אייך צו זיין;
וואָס איז פאַר אַ חילק צווישען אייך און קנעכט,
זיינען זיינע טעכטער פאַר אייך דען שלעכט?

מיט געלד, מיט גלאַטע ווערטער,
מיט געוואַלט און מיט קאַטאָוועס
ברייגנט איהר אין דיא אָרעמע ערטער
איהר אַריין דעם סם המות.
אָה איהר פערפלוכטע מיאוסע באַנדע,
איהר זייט דער מענשהייט גרעסטע שאַנדע!

זאָגט, האָט דער אָרימער קיין מוח
הינטער זיין געקניטשטען שטירן,
האָט ער דען זאָ ווייניג כוח
צו בעוועגען זיין געהירן,
האָט ער הינטער שמאַטעס ניט אַ מענשליך הערץ,
פריוט איהם ניט אַ שמחה, קריינקט איהם ניט אַ שמערץ?

דאָך, דאָס האָט איהר לייגסט בעדאַכט
און, פון מענשליכקייט בעזעעלט,
האָט איהר קירכען איהם געמאַכט,
דאָרט צו זוכען וואָס איהם פעהלט.
ווילט איהר אָבער פערבעסערן זיין נויט,
גיבט איהם דעם יאָהרהונדערט שיינע ברויט!

גיבט איהם וויסען, גיבט איהם וואַהרהייט,
גיבט איהם אַלעס וואָס איהם פעלט,
שוין גענוג גילעבט אין נאַרהייט,
לאָזט איהם בליהען אין דער וועלט.
פערברענט דיא בודען, דיא מען „גאָטס הייזער“ רופט
און אַלעס וואָס פערפעסטעט אונז דיא פרייע לופט!

אַנדערע שולען דאַרף דאָס לעבין,
דאַרף דער נייער גייסט דער צייט;
זאָלל דיא שולע זיך ערהעבען
פֿון דיא אַלטע דונקעלהייט.
פֿלאַטערן זאָלל דיא פֿרייהייט-פֿאָהנע,—
דיא איינציגע שיינע העללע זאָנע!...

עס איז גאַנץ גלייך אויב גאָטט דער וועלט
האָט זאָנע און מאָנד געמאַכט,
צו בעלייכטען דאָס ערד-גיצעלט
און צו שיידען טאָג פֿון נאַכט.
אויב אין גאָטעס פֿאָרעם דער מענשען זאָהן
דעם ברודער גיהרג'ט אין גן-עדן שאָן?

אויב גילעבט האָבין און גישטאָרבען
דיא מענשין וויא דאָס דומע רינד,
אויב אברהם וואָלטע פֿאַר אַ קרבן
ברייגגען זיין יצחק פֿאַר פֿרעמדע זינד.
אויב לוט זינע טעכטער האָט גיוואוסט
אָנצושיכור'ן פֿאַר זיינע לוסט?...

אויב אבשלום איז מיט זיינע האָר
אויף אַ גרויסען שטאַרקען בוים גיהאַנגען,
אויב דיא יודען האָבין געגנבעט גאָר
ווען זיי זיינען פֿון מיצרים אַרויס גיגאַנגען,
אַז עס שטייט אין שלמה'ס שיר השירים זעהר שאַרף
זאָלכע זאַכען, דאָס אַ פֿיינער מאַן גאָר ניט לעזין דאַרף?

אויב שמשון דיא פלישטים האָט פֿערלאָקט
און גיהרגעט מיט איין עזעל-ביין,
אויב ווירקליך רבקה יעקב'ן האָט גיזאָגט,
דאָס ער זאָל אַ בעטריגער זיין,
אויב ער זיין בלינדען פֿאָטער האָט בעלאָגען
און דריי מאָל שוין האָט בעטראָגען?

אויב ווירקליך יעזוס דער זאָהן פֿון גאָט
פֿון „הייליגען גייסט" איז גישעהן,
און מאַריע, דיא איהם געבאָרען האָט
איין עהרליך מיידעל איז גיוועזן,
אויב זיא זיך גירייניגט, וויא אין פסוק שטייט,
וואָס ביי אונזערע מיידלעך שטיל פֿאַר זיך גייט?

אויב יעזוס ווירקליך שטויב האָט גינומען
און דאַרין אַריין גישפוקט,
און אַז אַ בלינדער דאָס האָט בעקומען,
האָט ער גלייך גאַנץ העלל גיקוקט.
אויב עס האָט דיא [illegible]וואַלב אין טאָביאַס אויג גיקוקט
און דעם יונה דער [illegible]פֿיש ווידער אויסגישפוקט?

אויב דאָס אונזערע קינדער לעהרען,
ווען זיי זיינען ערסט אין צעהנטען יאָהר,
אויב זיי אַלעס דאָס בעגעהרן—
איז גאָר קיין צווייפֿעל און זעהר קלאָר.
אויב זאָ אַ נאַררישער, שלעכטער אונטעריכט
ברײנגט נוצען אָדער דעם געניק אונז בריכט?

זאָגט איהר, פריסטער, גאָטספֿערטרעטער,
איז עס אייערע דען שולד,
אַז קינדערלעך און פֿעטער
דאָס צו הערען האָבין ניט געדולד?
איהר ווילט האָבין, מען זאָלל אייך גלויבען בלינד—
דאָס גייט ניט, דער מענש איז ניט מעהר אַ קינד!

דורך כריסטוס אויפֿערלעבין,
דורך אַזאַ נאַררישען שערץ,
ווילט איהר דעם מענשען געבין
בילדונג און אַ פֿיינעס הערץ.
היינט, וואו דאָס וויסען מעכטיג בליהט,
וואו געזונד איז זעעלע און געמיטה?

פֿאָרט מיט דער קבלה,
מיט חלמות אַלטער צייט,—
בויט אַ מענשען שקאָלע,
דיא זאָל בליהען ווייט און ברייט!
אַה, וואו זייט איהר מענשען וואָס אונטער קוואַל
אָפּפֿערטען דאָס לעבען פֿיר דאָס אידעאַל!?

קענטען יעזוס און סאָקראַט
פֿון דעם קבר אויפֿערשטעהן,—
וואָלטען זיי גרויס פֿרייד גיהאַט
אונזער נייע צייט צו זעהן—
און וואָלטען געווים מיט אַלער קראַפֿט
דיא אַלטע שולע אָפּגעשאַפֿט.

און מיר זאָלען עוויג פֿלעכטען
דען פֿערפֿוילטען גאָטעס קראַנץ,
און אונז שטענדיג לאָזען קנעכטען:
אָהנע ליכט און בילדונגס גלאַנץ;
און זאָלען מיר, קינדער איינער נייער צייט,
ניט געניסען דעם יאָהרהו דערטס הערליכקייט!

פֿאָרט מיט דער קירכע. מיט דעז קלויז —
זיי שטינקען שרעקליך, וויא דיא פעסט,
רייסט זיך מענשין פֿון זיי לויז,
פֿון נייעם עץ הדעת עסט...
לעבט איין נייעס לעבין, פֿאָל געזונדען זאַפֿט,
נאָך בעדאַרף געניסען, א ארבייטען נאָך קראַפֿט!